# מענדעלע מיט גענענדעלע

אדער

# וויא אזוי זאלל מען שניידען?
# אז עס איז נישט קיין יונגעל!

(פארטזעצונג פון פרעהליכען מארשעליק).

ווער עס ווילל זיך משמח זיין אין א פראסטען וואכענדיגען טאג און מאכען ביא זיך אין דערהיים א היימיש טעאטער זאלל ער קויפען און לייענען „מענדעלע מיט גענענדעלע".

## ווארשא


פערלאג און אייגענטהום פון יהודה ליב מארגענשטערן
בוכהאנדלונג אין ווארשא, פראנציסקאנער שטראססע № 26
שנת תרס"ב לפ"ק

# אין דער בוכהאנדלונג

פון י. ל. מארגענשטערן, ווארשא, פראנציסקאנער № 26

בעקומט מען אללער האנד ספרים אלטע אונ נייע, אויף לשון הקדש אונ אויף עברי טייטש: חומשים, עשרים וארבעה, תנ"ך סדורים, מחזורים, כלה-סדורים (סבלונות) מיט פערשיעדענע איבער-זעצונגען: יודיש, רוסיש, פאלניש, דייטש אונ אין פערשיעדענע פראכט-באנדער; ש"ס'ין (גמרות), משניות, עין יעקב, שאלות ותשובות, פוסקים ראשונים אונ אחרונים, דרוש-ספרים, מוסר-ספרים אונ מפורשים אויף תנ"ך אונ ש"ס; צללע סארטען העברע-אישע ביכער, זשארגאנישע ביכער, טהעאטער-שטיקע, ליעדער, נאטען צו פערשיעדענע יודישע טהעאטער-שטיקע אונ ליעדער צו שפיעלען אויף פיעהעל אונ פיאנא, נאטען פון קאראבאנע נגונים, נאטען פאר מארשעליקעס (בדחנים), פרעהליכע גראם ביכלעך אונ וויטצען-ביכלעך פאר בדחנים אונ מארשעליקעס; אויטשעבניקעס (לעהר-ביכער) וואס מען בענוטצט אין אללע יודישע חדרים אונ שקאלעס; מעטאדעס פאר דיא וואס ווילען זיך אלליין לערנען אהן די הילף פון א לעהרער פערשיעדענע לשונות: לשון הקדש, רוסיש, פאלניש, דייטש, פראנצאזיש, ענגליש אונ שפאניש, קאלינגראפישע העפטען אליין זיך אויסצולערנען אהן די הילף פון א לעהרער שאן שרייבען אלערליי שפראכען; פערשיעדענע בילדער, שאנפעציערטע מזרח'ס אונ אהל-בילדער פון פערשיעדענע יודישע גרויסע לייט צו'ם אויסציערען א יודישע שטוב; שאן פערפוצטע יאהרצייטען מען זאלל ניט פארגעססען דעם יאהרצייט-טאג פון עלטערן אונ בעקאנטע; פערשיעדענע תפלות אונ אזהרות אויף צו הענגען אין א בית הכנסת; תפלין, בתים, פרשיות, רצועות אונ שיידלעך צו תפלין; מזוזות, שיידלעך צו מזוזות, מגלות געשריבען אויף פארמעט, גידין צו צונאהען תפלין אונ ספרי תורות; טליתים פערשיעדענע סארטען וואללענע אונ זיידענע, טליתים קטנים באוועלנע אונ וואללענע; ציצית, כפול-שמנה ציצית, ארץ ישראל ציצית, זארטלען קאמנארענע אונ זיידענע, קאפלען פראסטע, סאמעטענע אונ זיידענע, טלית זאקלעך אונ תפלין ביימעלעך, מענטעלעך צו ספרי תורות, פרוכת'ן, עטרות צו טליתים אונ צו קיטלען, שפאניעס צו קינדער-קאפלען, שופרות, הבדלות אונ נאך א סך זאכען וועלכע נעגען שייך צום מסחר פון ספרים. מען קאנן אויך ביי מיר אבאנירען פערשידענע צייטונגען אונ זשורנאלען לויט רעדאקציאן פרייז.

# מענדעלע מיט גענעדעלע

אדער

## ווי אזוי זאלל מען שניידען? אז עס איז נישט קיין יונגעל!

(פארטזעצונג פון פרעהליכען מארשעליק).

הער עס וויללט זיך משמח זיין אין א פראכטען וואכענדיגען טאג און מאכען ביא זיך אין דערהיים א היימיש טעאטער זאלל ער קויפען און זייגען „מענדעלע מיט גענעדעלע“.



## ווארשא

פערלאג אונד אייגענטהום פון יהודה ליב מארגענשטערן

בוכהאנדלונג אין ווארשא, פראנציסקאנער שטראססע № 26

סנת תרס"ב לפ"ק

דער פְרֶעהלִיכֶער מַארְשֶׁעלִיק אָדֶער „וִויא אַזוי מֶען מַאכְט לוּסְטִיג אוֹיף אַ חֲתוּנָה" .

בַּרְחָנִים ! מַארְשֶׁעלִיקֶעס ! אויבּ אִיהר ווִילְט אוֹיף אַ שִׂמְחָה דֶעם עוֹלָם מַאכֶען פְרֶעהלִיךְ , לֶעבֶּעדִיג, אִיהר זָאלְט הָאבֶּען אַ רוּהם אַז אִיהר קָאנְט אַ עוֹלָם מְשַׂמֵחַ זַיין – זָאלְט אִיהר קוֹיפֶען אוּנ דוּרךְ־לֵייעֶנֶען דֶעם פְרֶעהלִיכֶען מַארשֶׁעלִיק .

מֶענְדֶעלֶע מִיט גְּעֶנָענְדֶעלֶע אָדֶער „וִויא אַזוי זָאל מֶען שְׁנֵיידֶען! אַז עֶס אִיז נִישְׁט־קֵיין יוּנְגְעל !" (פָארטְזֶעצוּנג פוּן דָעם פְרֶעהלִיכֶען מַארְשֶׁעלִיק) .

וֶוער עֶס ווִיל זִיךְ מְשַׂמֵחַ זַיין אִין אַ פְּרָאסְטֶען וָואכֶענְדִיגֶען טָאג אוּנ מַאכֶען בַּייא זִיךְ אִין דֶערְהֵיים אַ הֵיימִישׁ טֶעאַטֶער , זָאלל עֶר קוֹיפֶען אוּנ לֵייעֶנֶען מֶענֶדֶעלֶע מִיט גְּעֶנֶענְדֶעלֶע .

דָאס יוּנְגֶע פָּאאר כְּאלְק פוּן פִינְף אוּנ אַכְצִיג יָאהר . אַז זַייא הָאבֶּען שׁוֹין חֲתוּנָה גֶעמַאכְט זֶעכְּס זִיהן אוּנ פִיער טֶאכְטֶער הָאט דֶער יֵצֶר הָרַע פַארדְרֶעהט דֶעם אַלְטֶען תֶּרַח דֶעם קָאפּ אַז עֶר זָאל זַיין פְּלוֹנִית'טֶע פַארְבַּייטֶען אוֹיף אַ יוּנגֶערֶע . (פָארטְזֶעצוּנג פוּן מֶענְדֶעלֶע מִיט גֶענֶענְדֶעלֶע) .

דִי פַארְבִּיטֶענֶע כַּלָּה אָדֶער „לוּסְטִיג אוּנ לֶעבֶּעדִיג" (פָארְטְזֶעצוּנג פוּן יוּנגֶען פָּאאר כָּאלְק) . אַ גְרוֹיסֶער חָכָם הָאט אַמָאל גֶעזָאגְט , אַז מֶען ווִיל זַיין אֶמֶת'דִיג פְרֶעהלִיךְ אוּנ אַסךְ לַאכֶען זָאלל מֶען לֵייעֶנֶען „דִיא פַארְבִּיטֶענֶע כַּלָּה אָדֶער לוּסְטִיג אוּנ לֶעבֶּעדִיג" , וְהָא רַאֲיָה ! דִיא וָואס הָאבֶּען עֶס גֶעפְּרוּבְט לֵייעֶנֶען הָאבֶּען טַאקִי גֶעלַאכְט אַ גַאנְצֶען טָאג .

---

גֵירוּשׁ שְׁפַּנְיָא , אַ זֶעלְטֶען שֶׁאנֶע גֶעשִׁיכְטֶע פוּן דֶער שְׁפַּאנִישֶׁע אִינְקְווִיזִיצְיֶע נָאךְ דֶעם גֵרוּשׁ שְׁפַּנְיָא . אַ רִיכְטִיג בִּילְד פוּן דֶעם יוּדִישֶׁען לֶעבֶּען אִין יֶענֶער פִינְסְטֶערֶע צֵייט ווִי יוּדֶען הָאבֶּען גֶעצִיטֶערְט זִיךְ אַרוֹיסצוּווַייזֶען אֶפֶּענְטְלִיךְ אַלְס יוּדֶען , זַיי הָאבֶּען גֶעמוּזְט זֵייעֶרֶע שׁוּהלֶען הָאבֶּען אִין טִיעֶפֶע קֶעלֶערְן אוּנטֶער דִי עֶרְד . דִיא עֶרְצֶעהלוּנְג אִיז אִיבֶּערְזֶעצְט פוּן לה"ק דוּרךְ יהל"ם .

---

צוּ בֶּעקוּמֶען אִין דֶער בּוּכְהַאנדְלוּנְג פוּן דֶעם הֶערוֹיסְגֶעבֶּער
ל. מָארְגֶענְשְׁטֶערְן וַוארְשָׁא פְרַאנְצִישְׁקַאנֶער שְׁטְרַאסֶע № 26

## ערשטע סצענע.

(אין זאל בא ר׳ יעקווקע לעדרמאנן. עס איז וייער שיין מעבלירט וויא בייא אנגיד · עס איז תחילת נאכט · ער זיצט מיט גיטאלין · את דער סאמוואר שטייט אויפן טיש לעבין זייא ·)

גיטאלי. עס איז מיר אחידעש איך האב נאך קיין מאל ניט גיהאט אזא לאנג טראגין · איך האב מיך נאך יענים חודש גירעכנט :

יעקאווקי. ווארין דוא האסט תמיד גיהאט מיידליך · אונ צונדר איז איונגעל · פרעג דיך אן אפשר טראגט מען איונגעל מער :

גיטאלע. אוי וואלט איך שוין געוועזן דער לעבט דיא שעה אונ די [illegible], דיא גאנצי שטאט זאגט אז איך טראג איונגעל · אונ עס איז אלי סימנים · אפילו דס טראגין איז גרינגער ווי תמיד · אונ דר בויך איז שפיציחיק. [illegible]

יעקאווקי. ווס נאר · דארפסט נאך מסופק זיין · דוא ביסט דאכט זיך גיוועזן דער בייא וויא דער רבי האט מבטיח גיוועזן · אונ הט אפילו בוחר גיוועזן אנאמען נאך דיין זיידען ר׳ מענדאלין :

גיטאלי. הלואי עס זאל אמת זיין · נאר ח״ו. ניט מיט מיין מויל גירעדט אויב ניט, זאג איך דיר, אז איך וועל פון דער וועלט גיין :

יעקאווקי. ביסט איודעני, זאלסט וויסן אז איוד מוז לעבין מיט בטחון, מיר האמיר גיזען גרעסרי זאכין פונם רבין · אז איודעני האט 12 יאהר נאר קיין קינדר ניט גיהאט · אונ אז זיא איז צוא אים גיקומן האט זיא גימאכט עברית · מכל שכן אז דוא ביסט אבת בנים · איז דאס בייא אים אגרויסע מלאכה אז פון אמיידיל זאל ווערין איונגיל :

גיטעלי. (הייבט זיך אן צו קנייטשין אונ ווערט עפיס רויטליך) ווייסטו ווס איך וועל דיר זאגין יאקאווקע · לאז מען רופן דיא באבע · לאז זיא דא נעכטיגן :

יעקאווקי. איך וועל אליין גיין (ער שרייט צום פלימעניק · גאדי · צינד אן דעם לאמטערין) :

גיטאלי. איך בעט דיך זייער יעקאווקע נאם דיך גישט · אפשר ועט

דער וָוס לֶעבְּט אֵייבִּיג גִּעבִּין דִיא גוּטֶע שָׁעָה :

יַעקָאוּוְקִי. (שְׁרַייט צוּם פְּלִימְנִיק . גָאדִי גִישְׁוִוינְד) בֵּיידֶע גֵייעְן אַוֶועק :

## צְוַוייטָע סְצֶענֶע

(בייא מילכה דיא באבע, לעבין דער טיר שטיים אפערד את וועגלי)

ר' יַעקָאוּוְקִי. (קוּמְט אַרַיין מִיט גָארִין) אַגוּטֶער נָאוּוינְד אַייךְ מִלְכָּה . טט וָואס אִיר זֶענְט אָן גִיטָאן . אוּנ אַוָועגָאלִי אִיז אוֹיךְ דָא . קוּמְט זִיצְט אוֹיף אִין אַגוּטֶער שָׁעָה :

מִילְכָּה. דָאס וֶועגַאלִי הָאט מֶען נָאךְ מִיר גִישִׁיקְט פוּן אֵיין אַנְדֶער אָרְט נָאר מִן הַסְתָּם זֶענְט אִיר בִּילְכֶער . קוּמְט אִין אַגוּטֶער שָׁעָה (זִיא קוּשְׁט דִיא מְזוּזָה) :

ר' יַעקָאוּוְקִי. יָא אִיךְ הָאבּ גָאר פַר גֶעסִין אִיךְ דַארְף אַייךְ זָאגְן אַפָּאר וֶוערְטֶער (עֶר קֶערְט זִיךְ אוּם צוּא גָארִין . שֵׁייגִיץ . דוּא מוּזְט דִיךְ אוּמֶערוּם צוּ הֶערִין . צוּ דַיין עֶסֶק . פַּייטָשָׁאל אַוֶועק) :

מִילְכָּה. נָא קוּמְט אַרַיין אִין אַלְקֶער (זִייא גֵייעְן אַרַיין אִין אַלְקֶער אוּנ פַאר מַאכִין דִיא טִיר) :

ר' יַעקָאוּוְקִי. דִיא זַאךְ אִיז דֶער פוּן אַזוֹ . מַיין גִיטַאלִי הָאט זִיךְ אַיין גִירֶעט אַז זִיא טְרָאגְט אַיוּנְגֶעל . אַוַודְאִי וִויל אִיךְ אוֹיךְ הָאבֶּן אַקַדִישׁ . נָאר דָס אִיז נִיט אוּנ אוּנְץ גִוֶועוְנְט . וָוס טוּט מֶען אָבֶּר מִיט אַיוּדֶעְנִי . זִיא זָאגְט אַזוֹ בַּאלְד אַז עֶס וֶועט זַיין אַמֵיידִיל . וֶועט זִיא פוּן דֶר וֶועלְט גֵיין :

מִילְכָּה וָואזְשִׁי זָאל אִיךְ טִין אַז סִי וֶועט טַאקֶע זַיין אַמֵיידִיל . זָאל אִיךְ דֶר פוּן מַאכֶן אַיוּנְגֶעל .

ר' יַעקָאוּוְקִי. יָא מִיר וֶועלְמִיר מַאכֶן פוּן דֶעם מֵיידִיל אַיוּנְגִיל . נָאר אִיר זָאלְט קְלוּג זַיין אִין אַייֶער זַאךְ . וֶועט אִיר הָאבִּין בָּאד גֶעלְד אַקְרַאט וְוִיא בַּא אַיוּנְגִיל .

מִילְכָּה. לָאס אִיךְ הֶערִין וְוִיא אַזוֹ .

ר' יַעקָאוּוְקִי. אִיר זָאלְט אַזוֹ טָאן . אַז גָאט וֶועט הֶעלְפִין זִיא וֶועט גְזוּנְטַר הֵייט אִיבֶּר קוּמֶען זָאלְט אִיר מִיר אָבּ גֶעבִּין מִיט אַהוּךְ קוֹל . מַזָל טוֹב מִיט אַזוּן . אוּנ אַז עֶס וֶועט אָבֶּר פָּארְט זַיין אַמֵיידִיל . זָאלְט אִיר זִיךְ בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה וֶוען אִיר וֶועט שְׁרַייעְן מַזָל טוֹב מִיט אַזוּן . זָאלְט אִיר זִיךְ אָן נֶעמִין בַּא דֶר נָאז . וֶועל אִיךְ שׁוֹן וִויסִין אַז עֶס אַמֵיידִיל . נָאר פַר אִיר וֶועט מֶען זָאגְן אַז עֶס אִיז אַיוּנְגֶעל :

מִילְכָּה. מוּז מֶען דֶעךְ אָבּ רֶעדֶן מִיט דֶר צוּ זַייגֶרן . מִיט שְׁפְּרִינְצְן אַז זִיא זָאל קְלוּג זַיין אוּנ זָאל הִיטֶן דָס קִינְד אַז דִיא מוּטֶר זָאל נִישְׁט דֶר זֶעהְן בַּא דֶעם בָּאדְן אָדֶר בַּא דֶעם וִויקְלִין :

ר' יַעקָאוּוְקִי. זִיא אִיז קֵיין נַער נִישְׁט . מִיט אִיר וֶועט מֶען קֶענִין אַלְדִינְג

אוּם פִירִין װעל מִיר מִיט אִיר רֶעדִן (זַיי גֵיין אַרוֹיס אוּנ װֶעצִן זִיךְ אוֹיבִן װעגַאלֵי

# דְרִיטֶע סְצֶענֶע

(בייא ר׳ יעקאװקין . גיטאלע ליגט אין בעט אונ קרעכצט)

ר׳ יעקאװקי מיט דער באבן קומען אריין ·

מִילְכָּה . (מַאכְט אוֹף דִיא טִיר אוּנ זָאגְט) אַזוֹ וִויא דִיא טִיר הָאט זִיךְ גְרִינְג גֶעעפִינְט . אַזוֹ גְרִינְג זָאל זִיךְ עֶפִינִין דָאס גְוִוינֶעכְץ · רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם לָאזֶן זִיךְ עֶפִינֶן דִיא שַׁעֲרֵי רַחֲמִים (זִיא קוּשְׁט דִיא מְזוּזָה אוּנ לוֹפְט אַרַיין צוּ גִטַאלֶן) אַגוּטֶר גְאוּוִינְד גִטַאלִי · גָאט זָאל גֶעבִּין דִיא גוּטִי שָׁעָה צוּ מַזָל אוּנ צוּ גִזוּנְד (זִיא קֶערְט זִיךְ אוּם צוּ ר׳ יַעֲקָאוְוקִין אוּנ זָאגְט) לָאז מֶען עֶפִינֶן דִי טִירִין פוּן אַלִי שְׁטִיבֶּער · אוּנ לָאז מֶען אוֹף שְׁלִיסֶן דִיא שַׁאפֶע · אוּנ אַלִי שִׁיפְלָאדֶען פוּן דֶער קַאמָאדֶע :

ר׳ יַעֲקָאוְוקִי . (גֵייט אַרַיין אִין אַלִי שְׁטִיבֶּער · אוּנ זָאגְט גָאדֶן) שְׁלִים אוֹף אַלִי שְׁלֶעסֶר . אוּנ עֶפִין אַלִי טִירִין (גָאדִי טוּט אַזוֹ) מֶען הֶערְט דָאס קוֹל וִויא גִיטַאלִי שְׁרַייט זֵייעֶר · ר׳ יַעֲקָאוְוקִי גֵייט צוּ שְׁטִילֶערְהֵייט אוּנ שְׁטֶעלְט זִיךְ אוּנְטֶר דֶר טִיר :

מִילְכָּה . (שְׁטֶעלְט זִיךְ אִין אַווִינְקַאלִי אוּנ הֵייבְּט אוֹף בֵּיידִי הֶענְד) רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם · הַאר פוּן גָאר דֶער וֶועלְט · פַאר נֶעם דָאס גְבֶּעט פוּן דַיין דִינֶסְט מִילְכָּה בַּת הַצַדֶקֶת פְּלוֹנִית · זָאלְסְט נִיט אִיבֶּער עֶנְפֶּרֶן קֵיינֶם דֶעם שְׁלִיסִיל פוּן דִיא גְוִוינֶערִינְס · דוּא אַלֵיין זָאלְסְט שִׁיקֶן דִיא גוּטִי שָׁעָה זִיא זָאל דָס קִינְד הָאבֶּן אַזוֹ גְרִינְג אַזוֹ וִויא דִיא הִיעֶן לֵייגְט אֵיין אֵיי · לֶעבֶּדִיקֶער גָאט . פָאטֶר רַחוּם צַדִיק · פַאר נֶעם זְשִׁי מַיין גְבֶּעט אַזוֹ וִויא פוּן שָׂרָה רִבְקָה . רָחֵל · לֵאָה · אוּנ פוּן אַלִי נָשִׁים צִדְקָנִיוֹת אָמֵן · מַאמֶע זִיסֶר אִין הִימֶל · דוּא בִּיסְט דָאךְ אַבַּעַל רַחֲמִים · (זִיא גֵייט אַרַיין צוּ גִיטַאלִי · זִיא לִיגְט אוּנ שְׁרַייט זֵייעֶר · גֵייט זִיא צוּ אִיר צוּ אוּנ גוּט אִיר עֶפִּים אִין מוֹל אַרַיין אוּנ זָאגְט צוּ אִיר) פֶּע חְלֶעבֶּן · דוּא טַאכְסְט דִיךְ נַארִישׁ וִויא אַפֶּערְוִויסְקִי · וָוס אִיז בִּיזְט עֶפִּים אַמֵייְדָאלִי · גִיטַאלִי שְׁרַייט נֶעבִּיךְ נָאךְ הֶעכֶר · זִיא שְׁרַייט נֶעבִּיךְ מִיט דֶעם גַאנְצֶן כֹּחַ) זָאגְט זִיא צוּ אִיר · גוּט אַזוֹ · שְׁרַייא נָאךְ הֶעכֶר · מִיט דֶעם גַאנְצֶן כֹּחַ · דְרִיק דִיךְ אַבִּיסֶלִי · בִּיסְט שׁוֹן אוֹף אַוֶועג . בִּיסְט שׁוֹן דַאנְקֶן גָאט בַּאלְד פַארְטִיג · אָט אָט אָט נָאךְ אַבִּיסֶלִי · דְרוּק דִיךְ מַיין (אִין דֶעם הֶערְט מֶען אַקִינְד שְׁרַייט שׁוֹן) :

ר׳ יַעֲקָאוְוקִי . (מַאכְט אוֹף שְׁטִילֶערְהֵייט דִי טִיר · אוּנ חַאפְּט זִיךְ צוּרִיק) :

מִילְכָּה . (נֶעמְט צוּ דָאס קִינְד פוּן דֶר גְוִוינֶערֶן · אוּנ דֶר זֶעהְט אַז עֶס אִיז אַמֵידֶל · זִיא נֶעמְט עֶס גְשְׁווִינְד צוּ אוּנ לֵייגְט עֶס אַרַיין אִין קִישַׁאלִיךְ . אוּנ גֵיט אַרוֹיס גְשְׁרַייא) ר׳ יַעֲקָאוְוקִי מַזָל טוֹב אֵייךְ מִיט אַזוּן (אוּנ גוּט

זיך

זיך אַחאָפּ בַּא דֶער נָאז) גָאט זָאל גֶעבֶּן מִיט גְלִיק · דָאס קִינְד זָאל גְזוּנְד זַיין · אוּנ דִיא קִימְפִּיטָארֶן (וִויא קֶערְט זִיךְ אוּם צוּ דֶר קִימְפִּיטָארֶן אוּנ זָאגְט אִיר) מַזָּל טוֹב דִיר גִיטַאלִי מִיט אַזוּהְן · לָאז גָאט גֶעבִּין מִיט גְלוּק אוּנ מִיט גִיזוּנְד :

גִיטַאלִי , (מִיט אַגִילֶעכְטַאר) בָּאבֶּענְיוּ · קוּמְט אַהֶער וֶועל אִיךְ אַייךְ גֶעבִּין 10 קוּשׁ אוּנ גִיט מִיר אַהֶער מַיין טַייעֶרֶן זוּן לָאם אִיךְ אִים חָאטְשׁ אָן קוּקְן · (דִיא בָּאבִּי גִיט אִיר דָאם קִינְד):

ר׳ יַעֲקָאוְוקִי , (שְׁרַייט) גָאדִי גְשְׁווִינְד גֶעבֶּר · צוּנְד אָן לֶעכְט אִין אַלִי הֶעסִים · אִין אַלִי לָאמְפֶּן · אוּנ נֶעם אַרוּס דִיא זִילְבֶּערְנִי לַייכְטֶער אַזוּי. וִויא שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב · דָא אִיז גִבּוֹרֶן גְוָוארֶן אַצַדִיק · אַטַייעֶרִי נְשָׁמָה אוּנ שְׁטֶעל שׁוֹן צוּם טִישׁ לֶקַח אוּנ בְּרָאנְפֶּן · יְהִיֶה מִי שֶׁיִּהְיֶה זָאל טְרִינְקֶן . אוּנ לוֹיף בַּאלְד אַוֶועק צוּם מְלַמֵּד עֶר זָאל שְׁרַייבֶּן בְּרִיוְולַךְ מִיט אַפַּאלִינְבּוֹגֶן . וֶוייכְט דוּא וִויפִיל · צְוֶוייא צוּ דוּא פִירְהֶענְגֶן צוּם בֶּעט · אוּנ זָאלְסְט אִיבֶּר צַייכְן אַלִי טִירֶן אוּנ פֶענְסְטֶר · אוּמֶעדוּם אַבְּרִיוְויל אוּנ לְמַעַן הַשֵּׁם זָאלְסְט נִישְׁט פַר גֶעסֶן בַּא דִיא קוּמִינְס צוּ צוּ שְׁלָאגֶן בְּרִיוְולִיךְ · וָוארֶן דָאס אִיז דֶר עִיקָר · אוּנ זָאלְסְט מָארְגֶן זָאגֶן נֶטֶע שַׁמֶשׁ . עֶר זָאל מַאכִין אַצֶעטִיל מֶען זָאל בֶּעטִין דִיא גַאנְצִי שְׁטָאט אָרוּם אוּנ רַייךְ . אי״ה שַׁבָּת וֶועט זַיין דָער שָׁלוֹם זָכָר . אוּנ דָאנֶערְשְׁטָאג צוּא מַזָּל דֶר בְּרִית . אוּנ לָאז עֶר טַאקִי אִין אֵיין וֶועג פַר זָארְגֶן אַמוֹהֵל אוּנ בַּעַל כִּבּוּדִים (עֶר קֶערְט זִיךְ אוּם אוּנ גוּט מִילֶקְן אַפִּינְוַוארִיל אוּנ זָאגְט אִיר) נַאט אַייךְ בָּאבִּי פַר דֶר בְּשׂוֹרָה . אוּנ בָּאר גֶעלְד וֶועל אִיךְ אַייךְ אַחוּץ גֶעבִּין :

גִיטַאלִי , (נֶעמְט אַפִּיר פוּן אוּנְטֶר דֶעם קִישֶׁן אַדְרַייעֶרִיל אוּנ זָאגְט צוּ אִיר) בָּאבִּינְיָא · נַאט אַייךְ נָאךְ אַפַּאפִּירִיל פַאר דֶער זִיסֶר בְּשׂוֹרָה · וָואס פְרֶעגְט אִיר · אִיר וֶועט שׁוֹן הָאבֶּן בָּאר גֶעלְד מֶער וִוי אִיר הָט זִיךְ גְרֶעכְט:

גָאדִי (הַאלְט דֶעם לַאמְטֶערֶן אִין דֶר הַאנְד אוּנ זָאגְט) פֶּעטֶר אִיךְ וֶועל טַאקִי אִין אֵיין וֶועג אַרִיבֶּר גֵיין צוּ אַלִי מוּמֶעס · אוּנ צוּ דֶר גַאנְצֶר מִשְׁפָּחָה דִיא בְּשׂוֹרָה אָן זָאגֶען (עֶר גֵייט) :

---

## פִיעֶרְטֶע סְצֶענֶע:

ר׳ יעקווקע אליין בא זיך אין זיין שטיבל :

לֶעֵת עַתָּה דַאנְקֶען גָאט אִיז אַלְדִינְג גוּט אָפּ גִילָאפִּין מָארְגֶן אִיז פְרַייטִיג . דַארְף מֶען לָאזֶן אוּם רוּפֶן אִין אַלִי שׁוּלְן אַז דֶר עוֹלָם זָאל קוּמֶן אוּף דֶעם שָׁלוֹם זָכָר . לָאז מֶען פְרֵיילֶךְ זַיין אוּנ לָאז מֶען אִיוְודִיוָואךְ בַּאקְן לֶקַח אוּנ מֶען זָאל מַאכֶן אַקְרִיאַת שְׁמַע לַיינֶן פוּן אַלִי חֲדָרִים . אוּנ מֶען דַארְף בַּאשְׁטֶעלִין ר׳ טָאדְרִיסְלִין פַאר צָאמוֹהֵל . אוּנ לָאז עֶר אַלֵיין טַאקִי

אֵיין

**אַיין מֵיידִין דִיא כִּבּוּדִים · נָא עֶס אִיז שׁוֹין נִיט פְּרִיא אַד וָוערְט אַנְטְשְׁלָאפֶען) :**

גָאדִי, (קוּמְט אַרַיין פְרַייטִיג אִין דֶער פְרִיא) אִיךְ הָאבּ נֶעכְטִין גִבְּרַאכְט פוּן דֶעם מְלַמֵד דִי בְּרִיוְולִיךְ · נָאר אִיר הָאט שׁוֹין גִישְׁלָאפְן הָאבּ אִיךְ אַייךְ נִיט גִיוָואלְט וָועקִין, אִיךְ הָאבּ זִיא אוּמֶדוּם אָן גִישְׁלָאגִין אִזוֹי וִויא אִיר הָאט גִיהֵייסִין · אוּנ דֶער מְלַמֵד וֶועט שׁוֹין צוּ וִויסֶן גֶעבִּין אַלִי חֲדָרִים מֶען זָאל קוּמֶען אוּיף דֶעם קְרִיאַת שְׁמַע לֵיינֶן אוּנ נֶטֶע שַׁמֶשׁ הָאט אַייךְ גִבְּרַאכְט אַצֶעטִיל · אוּנ אֵיינְס הָאט עֶר זִיךְ מִיט גִנוּמִין :

ר׳ יַעֲקָאוְוקִי, נָא גוּט ; הָאסְט דוּא אִים חָאטְשִׁי גִיגֶעבֶּן לֶקַח אוּנ בְּרָאנְפִּין :

גָאדִי, אַזוֹ פִּיעֶל זָאל אִיךְ נָאךְ קֵיין שֵׂכֶל נִישְׁט הָאבֶּן · אִיךְ הָאבּ אִים גִיגֶעבִּין דְרַייא טְרוּנְק בְּרָאנְפִּין אוּנ לֶקַח אוּיךְ :

ר׳ יַעֲקָאוְוקִי, עֶס אִיז שׁוֹין דַאכְט זִיךְ צַייט צוּ גֵיין דַאוִוינִין · אִיךְ הָאבּ זִיךְ פַר שְׁלָאפֶן · הָאסְט דוּא מִיר אָן גִיגְרֵייט רֵיינִי שְׁטִיפִיל :

גָאדִי, וָואס דֶען · זֵייא שְׁטֵייעֶן בַּאם בֶּעט (ר׳ יַעֲקָאוְוקִי טוּט זִיךְ אָן אוּנ גֵייט אַרַיין אוּף אַפָּאר מִינוּט צוּא דֶר קִימְפִּיטָארִין · עֶר נֶעמְט דֶעם תְּפִילִין זַאק אוּנ גֵייט אַוֶועק אִין שׁוּל אַרַיין) :



## פִינְפְטֶע סְצֶענֶע

**גִיטאלע, דיא באבע · אונ דיא צו זייגערן :**

מִילְכָּה, (זָאגְט צוּ שְׁפְּרִינְצֶען) זֶעה לְמַעַן הַשֵּׁם זָאלְסְט דָאס קִינְד צוּ פִילֶוֶוען זָאלְסְט אִים גוּט אָפּ הִיטֶן · עֶר הָאט גֶענְבּךְ אוּף זִיךְ אַטַארִיכַּאטִי :

גִיטַאלִי, אַוֵוייטִיג אִיז דֶר מוּטֶר פַאר דֶעם זוּנס מִינְצְטֶן גֶעגַאלִי · מִיר זָאל זַיין פַר דֶעם שֵׁיינִים גִילְדֶענִים פָּנִים דָס אִיז נָאר אַמַלְכוּת, זִיא גֶעמְט דָס קִינְד אוּנ קוּשְׁט עֶס) :

שְׁפְּרִינְצֶע, וָואס אִיז עֶר מֶער מְיוּחָס פוּן אַלִי יוּדִישֶׁע קִינְדֶער · פוּן 7 אִיז 11 גִבְּלוּבֶּן · קוּק נָאר אָן, גֶעם דִיךְ נִיט אִיבֶּר · עֶס וֶועט נָאךְ זַיין יוּנְגְלִיךְ · דִיא מַאמִי וֶועט נָאךְ הָאבִּין :

גִיטַאלִי, לָאס אִיךְ אַייךְ חָאטְשִׁי דֶער צֵיילִין בָּאבֶּנִיוּ וִויא אַזוֹ עֶס אִיז גִוֶועזִן · וֶועט אִיר הֶערֶן וָואס אַצַדִיק אִיז ; עֶס וֶועט וֶוערֶן דַאכְט זִיךְ בַּאלְד אִיאָר אִיז מַיינֶר גִוֶועזְן בַּייא דֶעם רֶבִּין · אוּף אֵיין מָאל גִיט דֶר רִבִּי זָאל לֶעבִּין אַגִשְׁרֵייא מֶען זָאל תֵּיכֶף אַיין שְׁפַּאנִין דִיא קַארִיטִי · מִן הַסְתָּם אִיז תֵּיכֶף וּמִיָד שׁוֹין גִשְׁטַאנֶען אֵיין גִשְׁפַּאנְט פַר דֶעם קַאלוּדָארְטְשִׁיקֶעל, מֶען דַארְף נָאךְ עֶפִּיס רֶעדֶן · זָאגְט עֶר צוּ מַיינִים · יַעֲקָאוְוקִי · זֶעטְץ דִיךְ אַרַיין וֶועלֶן מִיר פָאֳרֶן אִין וָועלְדִיל אַרַיין מִנְחָה דַאוִוינֶן · אוּנ עֶס אִיז מֶער קֵיינֶר

**גישט** גפארין נאר דער רבי אונ יעקאווקי · אונ ג גבאים אז זייא זענין
שון אוועק גיפארין איין ערך פון צווייא שעה · האט דער רבי גיהייסן מען
זאל בלייבן שטיין ניט ווייט פון דעם וועלדיל · אונ זייא זענין אלי ארוס
גגאנגן פון דער קאריטי · אוף איין מאל זאגט דער רבי צו יעקאווקין ·
קוק נאר ארוף · זעהסט דוא אוואגן מיט פייעריגי רעדר · האט זיך מיינר
זייער דר שראקן · אונ דער רבי איז דעמילט גיוועזן וויא פייער אוף דעם
פנים · אונ אזוי האט עס גידויערט עטליכי מינוט · נאר דאס איז דאס
גאנצי גליק גוועזן · ווען ניט וואלט מיינר חס ושלום אוף דעם ארט גבליבן.
עפים רופט עס יעקאווקי אן אז זייא האבן גזעהן (מעשה מרכבה) אוודאי
מיר ווייבר פאר שטייען דאס ניט · וויא קומט עס צו אונז . דר נאך האט
דר רבי גהייסין אז יעקאווקי מיט דיא גבאים זאלין ווארטין אונ ער איז
אליין גגאנגן אין וועלדיל אריין · זייא האבן גזעהן פון ווייטן וויא ער הט
גזיכט עפים צווישן דעם גראז אונ אוף איין מאל האבן זייא גהערט אגרוס
גישרייא אז עס האבן אזש דיא ביימר גיצוטערט · **טוט אהניק** · איך
בין אוף דיר גוזר · זאלסט מיך לאזין נעמין · אונ האט ארים גיגעבין
קריימטער · אונ איז גישווינד אריין גילאפין אין דער קארעטע · אונ האט
גהייסין מען זאל טרייבן די פערד וויא ווייט מען קען מען זאל געך אהיים
פארין · אז איך דער מאן מיך נאך אצונד שטעכין מיך דיא האר אין
קאפ · נאר צוריק שמוסינדיג · וואס האט מען דא מורא צו האבן · אז
מען פארט מיט דעם צדיק אין איינים · גאט האט גיהאלפין זייא זענין
בשלום גיקומין צו פארין צום רבין אין הויף אריין . אונ האבין זיך אלי
גזעצט טרונקין טייא · אונ דר רבי איז שוין ווידער גיוועזן וויא זיין טבע
איז פריילך · האט יעקאווקי אין אווינקיל גפרעגט איינים פון דיא גבאים
וואס זאס באטייט · האט ער אים דער ציילט זאגן אז דיא האר שטעלין
זיך אוף . איר מיינט אז ארבי איז גוט צו זיין · פון איטליכן איבר צוא
טראגין דיא צרות . טויזונד עסקים מיט רינדארים אונ מיט פריצים ·
אונ אלי טאג דין תורות · אונ הונדרטער קראנקי מענשן קומן נאך
סגולות . אונ דיא ווייבר ווילן קינדער · אונ וואס שטייט ער אוס פון דיא
משוגעני . אט איז גוועזן אמעשה מיט דעם פעטראווקער יונגען מאנטשיק
אפילו זייער אטייער קינד · עס איז אים פון דעם לערנן מישטיינס גזאגט
גקומען · קודם האט ער באקומען אדילניש דער נאך איז ער גווארין גוט
משוגי · האט דער רבי גיהייסין מען זאל נעמין קרימיטארטרים · אונ
סאלימרי · אונ סירקי · אונ מען זאל דאס גוט צו קלאפן אונ אוס מישין ·
אונ דאס זאל ער טרינקין מיט ציגענמיליך · איז אים הערט איר שוין
גאר גוט גיוועזין · נאר דער רבי :

מילכה , (פאלט איר אריין אין דיא רייד) נאך אמאל גימאלי רעבין
**פיר** **אום** דיא מינים · לאם איך וויסן עס זאל זיך ניט טרעפין :

ניטאלע אוי ! איר ווענט טאקי אוך נאר אידענע גלייך מיט אלי ווייבער, מחמת עס איז דערינגן געווענד אין דיא מינים · דער עיקר איז וואס דר רבי האט גהייסן · אבי עס גייט נאר ארוס פון זיין פה קדוש מוז עס שון העלפן · ער מעג הייסן נעמין שאלעכץ פון אייער · מיט קערליך פון באקסערן אונ מען זאל דאס צו קלאפן אונ איין געבן וועט עס אויך העלפן · מחמת אלי משוגעני גוט ער דען דיא אייגני רפואות · אונ דאס וואס ער זיך פאר שטייט ניט קיין דאקטער · אונ ניט קיין אפטייקר אונ לאז אדאקטר הם׳ עמליכי געבן וועט עס דען העלפן ·

מילכה, האסט רעכט . וואס פון זיין הייליג מול גייט ארויס דאס איז אקאראט וויא פון דעם וואס לעבט אייביג · ער זאגט דען זיינס דר צייליט ווייטער לאמיר הערין :

גיטאלי, וויא האלט איך · יא · דר רבי האט אן גזאגט אז מען זאל דעם יונגען טאנטשיק היטן פון דער מקוה · נא קען מען דיא לייט א היטען · איז ער גגאנגן האלבר נאכט אליין אין מקוה ארין האט זיך אין אים טישטיינס גזאגט ארין גיחאפט דר רעכטר בחור · היינט ארבעט ער מעשים . אניטולט האבן דעם רבינס קינדר גוואלט פארין שפאציערן · האט ער אן גינומן דיא קאריטי מיט ביידי הענט ביי דיא אונטערשטי רעדר . האבין דיא פערד ניט גקענט פון דעם ארט רירין · עס האט ניט גהאלפן וויא פיל מען האט זייא באטשן געגעבן · מאלט אייך דעם רבינס פערד זענן גוטי פערד · האט מען אים גשלאגן מיט קאטשילקיס איבער דיא הענד · אז ער זאל אפ לאזין . האט ער פאר בעס אנעם גיטאן דיא קאריטע אונ האט זיא געגעבן מיט אמאל אקער איבר מיט דיא פערד ! זענן דיא פערד געבליבן ליגן מיט דיא פיס ארויף · עס איז אגליק וואס קיינר איז ניט געזעסן איינעווייניג . אצונד האט דער רבי מיט אים אנייע ארבעט · שון דרייא טאג פארט ער זיך אין וואלד מען זאגט אז ער בארט זיך טאקי מיט דעם ס״מ ט״ם אליין · אזוי חיא יעקאחקי שמיכט אזו מיט דעם גבאי · רופט דר רבי צו יעקאניא אונ פרעגט אים עפיס נייעס פון וועלט זאכן · האט אים מיינר געענפרט גלייבט מיר רבי אז מיר איז דיא גאנצי וועלט נישט ליב אז איך האב ניט קיין קדיש · האט דער רבי ארוס גלאזט אגלעכטער אונ זאגט נא · וואס ווילסט דוא יעקאניא · ענפערט אים יעקאווקי איך וויל האבן איינגעל . האט דר רבי נאך מער גלאכט · אונ זאגט צו אים · דוא ווילסט האבן איינגל · זאל פון דיינט וועגן נשתנה ווערן מעשה בראשית דאס איז גאר נייעס · וואס ווען דיא ווייבר טאן אז דיא מאנען וועלי׳ האבן יונגליך · גיין יעקאניא · דיין ווייב וועט האבין איינגיל . בעת . . ולגיטיל בן . אונ דוא זאלסט אנאמן געבין נאך איר זיידין ר׳ מ אלי . ער איז געווען אצדיק תמים · איך ווייס אז איך בין נאך געווען אחבר יונגיל פלעגט ער צוא אונז קומען

זאג האט מיר תמיד עליו השלום גיגעבין מאנדלך אונ אייער בייגאלך ; אונ לעקעכליך · איז מיין יעקאווקי אהיים גקומן מיט אגדולה אונ האט מיר גזאגט דיא בשורה :

מילכה, (מיט שפרינגען רופן זיך אן ביידי אין איינים) אז עס איז אזו קומט דאך דיא גאנצי שמחה ארוס פון דעם רבין אין דעם קומט ארין ר׳ יעקאווקי פון דער שול ; אונ זאגט עס איז שון שפעט · עס איז שון נאך האלבען טאג :

ר׳ יעקאווקי גישווינד גרייט צו טיש וועל איך עפים איבר חאפן · אונ גרייט מיר אן גרעט · אונ לאז גאדי מיט נעמין בגדי שבת וועל איך פון דארט גיין אין שול ארין צו קבלת שבת :

שפרינצי איך וועל צו טיש גרייטן ווארום דיא דינסט האט אין קעך אסך צו טאן (זיא ברענגט ארין דאס עסין · ער עסט גיך אב · אונ גייט מיט גאדין אין מרחץ ארין) :

## זעקסטע סצענע

(פרייטיג צו נאכץ אוף דעם שלום זכר ; אלע דירת בא ר׳ יעקאווקין זענין זייער שיין אוף געפוצט · אונ מיט שיינער בא לייכטונג . אונ מיטן שטיב שטייען לאנגע טישען · אונ ארום זיצען אלע נגידים פון דער שטאט · אונ ארוץ אגרויסר עולם) :

ר׳ יעקאווקי. (זיצט אויבן אן) ער נעמט אכוס מיט וויין אונ טרינקט צום עולם לחיים · אונ ער גיסט אן אין דר לאגגט ר׳ זאלמינן אגלז . וואָרן ער זיצט לעבן אים :

ר׳ זאלמינא. (טרינקט) לחיים בעל ברית ; אונ אגוטר שעה להכניסו בבריתו של אברהם אבינו · לחיים ר׳ טאדריסיל · לחיים ר׳ ליטמאן פארנארינקער שוחט · לחיים אלי יודן · (אונ אזו טרינקט מען ארום איינר צום אנדרין לחיים) .

ר׳ יעקאווקי. (וואס זיצט איר שלעפריג עולם) . עס איז ערשט נאכט טוארין · טרינקט , עסט ארבים , קנאקט ניס · אונ טרינקט וואס אייך געפעלט · ביער · מעט . וויין · אונ ווער עס קען מעג זאגן עפים אגוט ווארט·

ר׳ טאדריסיל (זאגט צום שוואגער ר׳ ליטמאן . וואס שווייגט איר . זאגט עפים פון ימים נוראים · אדר עפים אנדערש · זינגט עפים פון הלל · לאמיר הערן אייער נייעם לא לנו :

ר׳ ליטמן. (הייבט אן צו זינגן) לא לא לא . ל ל נו . אונ דר שטאט חזן מיט די משוררים ברימן צו עס איז מחיה נפשות · דר עולם טרינקט טי איז פרייליך ווס עס קען נאר בעסר ניט זיין ·

שייקע פוקער, יאוויט זיך אונ שפרינגט אויף דעם טיש • אונ מאכט זיך משוגע • ער קערט זיך איבער אויף דעם טיש אונ רירט ניט אן דיא פלעשער • ער שפרינגט אראפ אונ טרינקט צום עולם) לחיים, לחיים לחיים. (אונ אין דער אנדערר שטוב איז אויך אגרוסער זאל לעבן דער קימפיטאָרינס אלקער עס איז אטיש פון דיא ווייבערס וועגן דארט הילט מען ערשט גאר אויף איין אנדרין אופן :

ר׳ זאלמינא, גייט אפער פון דעם טיש אונ גייט אריין צו די ווייבער • אונ דער זעהט בת שבען דעם שוחטס טעכטעריל • איז ער אש דער ציטערט גווארן • זיא איז מאקע זייער אשייני בתולה • איין יפת תואר • ער גיט אוונק צו טילקן אונ פרעגט זיא וועער די בתולה איז, זיא דר ציילט אים אז דס איז ר׳ ליטמאנס טעכטעריל • זיא איז מיטן פאטער גקומן צו דר מוטע אביסיל צו גאסט • אונ נאך שבת פארן זיי אהיים • ער קערט זיך אום אונ גייט אריין צוריק צוא דיא מאנצבילן אונ דרייט זיך ארום צווישן עולם • אונ קערט זיך ווייטר אום צו דיא ווייבער׳ אונ לאזט ניט אראב קיין אוג פון דעם שוחטס טעכטעריל • ער גייט ווידער אריין צו דיא מאנצבילן אונ זעצט זיך אויף זיין ארט אונ טרינקט מעט, מיט ווין) •

ר׳ טאדריסיל, (זאגט צום עולם) • עס איז שון איינס אזייגר • לאמיר זאגן אגוט ווארט • אונ עס איז צייט אהיים צו גיין עס איז שבת • דר חזן זאגט על הגפן מיט די משוררים ; אונ ר׳ ליטמאן העלפט אונטר • דער עולם זאגט אגוטן שבת • אונ מען צו גייט זיך) •

ר׳ זלמינא אויף דעם וועג • פר זיך :

נא, דאס איז סחורה, אזונס גפינט זיך ניט אין אהאלבער וועלט ; אפילו רחל איז ניט ווערט איר פידעשווי • אונ דא וועל איך גאר ניט האבן קיין גרוסע ארבייט • דער פאטר איז איין פראסטער יוד • אשוחט אונ אבעל תפילה • מיך קען ער זייער גוט • אים וועל איך קופן אנייעם טלית אבערשיטער • אונ וועל אים מאכן בגדי משי של שבת אונ וועל אים געבן עטליכע הונדערטר אין קעשני אריין • איז דיא זאך פארטיג • דר בתולה וועל איך אוועק געבן דר אלטער קלעמפים שטערין טיכיל מיט די גרוסע אורונג • אונ דיא זעקס שניר פעריל אונ וועל זיא שיין אום קליידן וועט נאך קאסטן עטליכע הונדערטר, אונ וועל איר געבין אגרוסע כתובה • אך איז מיר, זיא איז זייער ווערט • אונ וויפיל עס וועט מיך קאסטין איז אלץ אמציאה • צונד דארף מען זעהן אז באלד נאך דעם ברית מען זאל די אלטע עקספידירן • נאר ווי אזוי פטרט מען אזא שלימזל, אהה, דארוף היים איך זאלמינא, זיא האט שון געמין גט • מען דארף נאר צו איר אום טראכטן אפארטיל (ער גייט אהיים • אונ קומט אין שטוב אריין אונ זאגט דעם משרת אז ער זאל ארוף ברענגן פון דעם קעלר אפלאש מעט.

דער מְשָׁרֵת בְּרֶענְגְט מֶעם אונ גִיסְט אָן ר' זַלְמִיתָא טְרִינְקְט אונ זָאגְט) נָא אָס גֶענְמְט זִיךְ צוּא מִיר גָאר קֵיין שׁוּם שְׁלָאף נִיט · מֶען טוּז וַוארְמִין עָס הֶעלְפְט נִיט · וִוי זָאגְט מֶען זָא טֶערְפֶּענִיו · בָּאךְ דָאסְט סְפָּאסֶענִיו ·

## זִיבֶּענְטֶע סְצֶענֶע

(אין דר גרוסער שול . דאנרשטאג אין דער פריהע , ר' יעקאווקי אונ דר מוהל ר' מאדריסל · אונ אלע בעל כבודים · אונ אקוואטר אונ אגרוסר עולם פון דיא גרעסטע נגידים . מען דאווינט אונ מיזינגט וכרות מיט אניגן, מדאווינט אב־קיין תחנה זאגט מען ניט).

ר' מָאדְרִיסִיל. וָוס מַאכְט מֶען שִׁיהוּת · לָאז מֶען בְּרֶענְגֶן דָאס קִינְד:
ר' יַעְקָאוְוקִי · (גִיט אַגִישְׁרַייא צוּם שַׁמָש) נֶעמֶע לוֹף גָאר גִישְׁוִוינְד · זָס דוֶערְט עָס אַזוֹ לַאנְג · אִין דֶעם קוּמְט אַרַיין גָאדִי · פֶּעטֶר · מֶען טְרָאגְט שׁוּ: דָס קִינְד) ·

מִילְכָּה · (טְרָאגְט דָס קִינְד זֵייעֶר שֵׁיין גִפּוּצְט מִיט גִילְדִינִי קִישָׁאלִיךְ אונ אַלֶע וַוייבֶּר · דִי גְרֶעסְטִי נְגִידוּת גֵייעֶן מִיט · לֶעבֶּן דֶר בָּאבֶּע גֵייט דִי רֶבִּיצִֶן מִיט דִיא קִינְדֶר · אונ אַלֶע גִיטַאלִים קְרוֹבִים · אונ אַזוֹ קוּמֶן זֵייא אַרַיין אִין שׁוּל אַרַיין) דֶער שַׁמָש גִיט אַגְרוֹסֶען גִשְׁרַייא בָּרוּךְ הַבָּא ·

קְוַואטֶער · דֶר קְוַואטֶער נֶעמְט דָאס קִינְד) ·

ר' מָאדְרִיסִיל · (נֶעמְט פוּן דֶעם קְוַואטֶער דָס קִינְד מִיט אַשִׂמְחָה) אונ זָאגְט "אָמַר הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא לְאַבְרָהָם אָבִינוּ הִתְהַלֵּךְ לְפָנַי; דֶער עוֹלָם שְׁרַייט זֶה הַכִּסֵּא שֶׁל אֵלִיָּהוּ בִּיז קָדוֹשׁ הֵיכָלֶךְ ·

ר' מָאדְרִיסִיל · (נֶעמְט דָס קִינְד אונ לֵייגְט עָס אוֹף דֶר שׁוֹם דֶעם סַנְדֶק ר' זַאלְמִינֶן אונ הַאלְט אִין מוֹל דָאס מוֹהֵל מֶעסֶר · אונ צוּא שְׁנַייט דֶעם קִינְד דִי פִּיעֶסְלִיךְ · אונ זוּכְט דִי עָרְלָה · וֶוערְט אִים עֶפִּיס קָשֶׁה שְׁרַייט עָר · (וָוארִין עָר טָאר נִיט אוֹם רֶעדֶן) נָא . נָא .

ר' יַעְקָאוְוקִי · (קוּמְט צוּא אונ זָאגְט) שַׁאט · שַׁאט · שְׁרַייט נִיט · פִּילְדֶערְט נִיט · וָואס זוּכְט אִיר · אִי"ה אונ זֶעכְצִין יָאר אַרוֹם וֶועט אִיר יֶענְץ אוֹךְ גִיפִינֶן ·

ר' זַאלְמִיתָא · (דֶר סַנְדֶק הָט זִיךְ אָן גִשְׁטוּסֶן הָאט עֶר אַרוֹם גְלָאזְט אַגְרוֹם גְלֶעכְטֶר · אונ דֶער עוֹלָם הָט זֵייעֶר אָן גִיהוֹבֶּן צוּ לַאכֶן אונ אַלֶע הָאבִּין גִישְׁרִיגֶן) מַזָּל טוֹב ר' יַעְקָאוְוקִי ·

ר' מָאדְרִיסִיל · אוּ · נָא · קוֹדֶם הַזְּמַן · נְבָרֵךְ בְּשֵׁם הַיְלָדָה:
ר' יַעְקָאוְוקִי · לָאז דָס קִינְד הֵייסֶן נָאךְ מַיין בָּאבֶּע · מִינְדְרַאלֶע ·
ר' מָאדְרִיסִיל · (מַאכְט אַיִן מִי שֶׁבֵּרַךְ אונ גִיט דֶעם קִינְד אַנָאמִין · דָר, שלם

עולם שרייט מזל טוב . אין שול קאכט זיך :

ר' יעקאווקי . (זאגט צום שמש) נעמע קלאפ אן . לאז שטיל זיין . אונ פאר בעט דעם עולם אויף דעם ברית . אונ בעט זייא אז עס זאל בלייבן פר דער קימפעטארין איונגיל . (דער שמש רופט אוס . אונ ער פר בעט דעם עולם בפקודת ר' יעקאוועקע אויף דעם ברית) .

דער עולם . (איינער צום אנדערן) דס הט זיך נאך ניט גטראפן זינד דיא וועלט שטייט קומט לאטיר גיין אויף איין ברית צו איין מיידיל וואס גייט עס אונץ אן . עסין אונ טרינקן וועט מען געבן . אונ דא וועט מען ערשט הולען . (אלע גייען אויף דעם ברית . דיא וואבער גייען אויך מיט . אונ מאנצן מיטן קינד) .

---

## אבטע סצענע

באָ רעט בעל ברית אין דער היים . דער עולם קומען אריין אלע אין איינעם מיט די ווייבער , אונ מיטען קינד . אונ מען שרייט מזל טוב .

גיטאלע . (פרעגט) וויא איז דער רבי , שטאטש . וואס איז דס . פון וועמן קומט דען ארום דיא גאנצע שמחה . עס איז דאך נאר פון דעם צדיק (זיא שרייט יעקאוועקי . העט דו וואס איך זאג דיר . תיכף זאל מען לופין נאך דעם רבין :

ר' יעקאווקי . (אונ דער עולם שרייען אלי) . גיטאלע . עס איז אום זיסט אייער שרייען . ווייסט איר דען ניט אז היינט איז דאנערשטאג . אונ דאס ווייסט איטליכער אין שטאט . אז עס מאכט זיך איין ברית אום דאנערשטאג . אדער אום פרייטאג . איז דער רבי קיין מאל ניט אויף דעם ברית . וואָרן דאנערשטאג קוקט ער איבר אלע קוויטליך פון אגאנצער וואך . אונ איז פר איטליכין מתפלל . אונ פרייטאג . דארף ער זיך טייכן זיין אן צו גרייטן תורה צום טיש .

גיטאלע . הערט צו . בייא קינעם וועט ער ניט זיין אונ בא מירייא . וואָרן דאס יונגעל איז זיינס . זאג איך אייך . אז מען זאל תיכף נאך אים גיין אונ עס זאל זיך קיינער ניט דר וועגן צו געמין אפילו אויף דיא ליפין קיין קאפ בראנפן . ביז ער וועט קומן אונ מאכן דיא ערשטי ברכה . אונ גייט ברענגט אים :

דער עולם . (האלטן זיך איין עצה . אונ זאגן) ווייסט איר וואס . לאזין תיכף גיין צווייא מנינים . אונ לאז מען מיט נעמין דיא כסא של אליהו . אונ לאז מען אים ארוף זעצין . אונ לאז מען אן נעמין צו פינף מענטשין איין פיסעל פון דר כסא . אונ מען זאל אים אין פינף מינוט אהער ברענגן .

